אליעזר שינדלער

# מַעשֶׂהלעך

פון

# אַרבַּע פּינות הָעולם

צוועלפטע זאמלונג



פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"

ווילנע ○ ○ ○ 1937

אליעזר שינדלער

# מַעשֶׂהלעך

## פון

# אַרבַּע פּינות הָעולם

—צוועלפטע זאמלונג



פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך״
ווילנע 0 0 0 1937

# דאָס ירושה-קאָטערל.

געווען אַ זקן. האָט ער געהאַט דריי זין. איז פאַר זיי געבליבן ירושה סך-הכּל: אַ קו, אַן אייזל און אַ קאָטערל.

האָט דער בכור געקראָגן די קו, דער צווייטער האָט באַקומען דעם אייזל און דער ייִנגסטער האָט געירשנט דאָס קאָטערל.

איז דער ייִנגסטער מיט זײַן חלק געווען שטאַרק ניט צופרידן און צום קאָטערל אַזוי געזאָגט:

— וואָס פאַר אַ לא-יוצלח איך בין! מײַנע ברידער האָבן באַקומען צוויי ניצלעכע חיות, אָבער פון דיר, שלים-שלימזלדיקער קאָטער, וואָס קען מען מישטײנס געזאָגט שוין האָבן פאַר אַ נוצן? ביסט אַ מציאה מיט גריזון, און איך וועל מוזן דיר נאָך געבן פרעסן, בעת איך אַליין האָב ניט וואָס צו קײַען! איז טראַג זיך וואָס גיכער אָפּ פון דאַנעטן... און אַט האָסטו שוין טאַקע צידה-לדרך!

און זײַענדיק אין כּעס, האָט דער יורש

דעם קאַטערל מכבד געווען מיט אַ פּאָרציע געזונטע קלעפּ.

דאָס קאַטערל האָט זיך פאַר יסורים און חרפּה יאָמערלעך צעכליפּעט:

— וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך דיר געטאָן און פאַר וואָס קומט מיך צו שלאָגן: ווי נאַריש איז דער מענטש און ווי גיך קען ער פאַרשפּילן זײַן גליק!.. על־פּי־שכל וואָלט איך געדאַרפט איצט אַנטלויפן פון דיר. אָבער דײַן טאַטע, ער זאָל דאָרט אויף דעם עולם־האמת זײַן פאַר אונדז אַ מליץ־יושר, איז תּמיד צו מיר געווען אַזאַ גוטער; ווײַל איך, אים צוליב, דיך ניט פאַרלאָזן. סוף־כּל־סוף ביסטו אויך גאָר ניט אַזאַ שלעכטער און איך וועל דיר דאָס מאָל דײַן נאַרישקייט מוחל־זײַן! איז זאָג־זשע מיר צו, אַז איך וועל ווײַטער קענען בײַ דיר וווינען, וועסטו פון מיר האָבן טובות אויף טובות!

שמייכלט דער בחור מיט ביטול:

— קאַטערל—טל־ומטרל! מיט וואָס אַ שטייגער קענסטו מיר העלפן?

ווערט קאַטערל שוין אַ ביסעלע געוואַגטער:

— מאַכסט פון מיר חוזק און ביסט מקנא,

דײַנע בר־דער מיט זייער ירושה. אמת, קו און אייזל װעלן טאקע האָרעװען. אָבער ניט אומזיסט. מע װעט זיי מוזן האָדעװען און פּילנעװען. און היי, קלײַען און כּדומה קאָסטן א פּולע געלט... בײַ מיר אָבער װעסטו ניט האָבן קיין שום הוצאות, װאָרום מײַנע מײַז כאַפּ איך מיר אַליין. אויסער דעם זאָג איך דיר צו דיך צו פאַרזאָרגן מיט פּרנסה בריוח און שפּעטער צו װעל איך דיר פאַרשאפן עשירות און כּבוד.

קײַכט דער בחור פאר געלעכטער:

— אדרבא, גאָלדשפּינער, באװײַז, װאָס דו קענסטו!

פאַרזשמורעט קאָטערל זײַנע כיטרעװאַטע אייגעלעך און זאָגט:

— בינד מיר צו, באַלעבאָס לעבן, זײַ מוחל, ארום מײַנע לענדן צװיי טאָרבעס — איינע אויף רעכטס, די צװייטע — אויף לינקס — און גיב מיר צו װיסן, װאָס דײַן הארץ באַגערט — װעל איך דיר ברענגען גענוג און גענוג!

טראַכט זיך דער בחור: „טאָמער פאָרט! אפשר יאָ?" און זאָגט:

— ראשית־כּל ברענג עסנוואַרג, וואָרום איך בּין הונגעריק ווי אַ וואָלף!

*

די דאָזיקע נאַכט איז גראָד געווען אַ פינצטערע. אַרומגעגורט מיט זײַנע ברייטע באַלעבאַטישע טאָרבעס איבּער די לענדן, איז קאָטערל גאָר גיך נעלם־געוואָרן. געפּויזעט ווי אַ שד איבּער פּאַרקאַנעס, פּלאַנקענס און פּלויטן און דורך דעכער און בּוידעמער זיך אַרײַנגעגנבעט אין פרעמדע דירות און שטובּן.

נאָנט צו חצות איז אומעטום דער עולם שוין געשמאַק געשלאָפן און קאָטערל האָט עטילינקערהייט געעפנט שאַפעס און שענקלעך, אַלמערס און שופלאָדן און גענומען אַלץ פון גרייטן.

און אַזוי אָנגעפּאַקעוועט, זיך ווידער פלינק געדראַפּעט איבּער קוימענס, געזימסן און גאַניקלעך און אָן אַ שאָדן געקומען אַהיים מיט כּלי מינים גוטס: קוכנס און בּולקעס, פליישן און פּאָטראַוועס, לאָקשן און לונג־און לעבּערס, קעז, סײַ הארטן, סײַ ווייכן, אײַנגעמאַכטסן און ווײַנען און עטלעכע סלאָיִקלעך מיט געפּרעגלטע פרוכטן.

און מע האָט זאָלבעצווייט ביזן בלאָען קאַיאָר געפּראַוועט אַ סעודה ווי בײַ די רײַכסטע פּריצים און בײַ די גרעסטע גבירים.

איז דער יונגער באַלעבאָס געווען שוין דורכויס צופרידן און דעם ירושה־קאָטערל גע־נומען האַלטן בכּבֿוד.

קאָטערל ווידער פון זײַן צד איז אויך אויף חײַטער ניט אָפּגעשטאַנען און זיך געסטאַרעט, אַז אין שטוב זאָל ניט פעלן קיין פויגלמילך.

איין מאָל נאָך אַ ברייטער סעודה זיצן זיך ביידע אַזוי בנעימות און דרעמלען. רופט זיך פּלוצלונג אָן דאָס ירושה־קאָטערל:

— באַלעבאָס! הער זיך אײַן! אויף אַ צײַט ביסטו גאָט־צו־דאַנקען פאַרזאָרגט מיט אַלעמען; איז גיב־זשע מיר רשות זיך אַוועקצולאָזן אויף עטלעכע וואָכן, און אַז איך וועל בשלום אַהיים קומען כון מײַן נסיעה, האָף איך, אַז עס וועט גאָר גוט זײַן!

•

האָט קאָטערל זיך געזעגנט און איז אַוועק צום ברעג פונעם ים. דאָרט ווו די פישער ציִען אַרויס זייערע נעצן פון די כוואַליעדיקע וואַסערן.

קלײַבט זיך קאָטערל די שענסטע פיש און, ווען די טאָרבעס זײַנען פול, לויפט ער אימפּעטיק אין פּאַלאַץ אַרײַן. וואָרום ער ווײס שוין פון לאַנג, אַז דער מלך האָט זייער ליב צו עסן פיש.

דערקוויקט זיך דער מלך און קוועלט:
— ווער שיקט דאָס מיר אַזאַ ברייטע מתנה?
פאַרנייגט זיך קאָטערל כּדת וכדין:
—אדוני מלך! די דאָזיקע מתנה שיקט דיר מײַן האַר. אַ סימן — ווי גרויס זײַן געטרײַשאַפט איז צו דיר!

עטלעכע טעג נאָך דעם איז ירושה־קאָטערל ווידער אין שלאָס.

דאָס איצטיקע מאָל ברענגט ער דעם מלך טאָרבעס אָנגעשטאָפּטע מיט זעלטענע קרעלן און אויסטערלישע שײנע פּערל און בוקט זיך מיטן שטערן צו דער בריק און עפנט זײַנע ליפּצן:
— געהויבענער הערשער! נעם אָן דאָס דאָזיקע געשאַנק פון מײַן האַר פאַר דײַן אײנציקער טאָכטער, דער בת מלכּה!

אַ צווײ וואָכן שפּעטער — ברוך הבאָ — קאָטערל איז שוין ווידער פאַרן טראָן און לײדיקט

דאָרט אויס זײַנע טאָרבעס — ממש אַן אוצר!
איידלשטיינער פון כּלערליי פאַרבן און קאָלירן,
דימענטן, בריליאַנטן, רובינען, שמאַראַגדן, טאָ-
פּאַזן און נאָך און נאָך אֲבָנים-טובות, וואָס נאָר
געקליבענע מבינים ווייסן, ווי זיי הייסן. און צו
דעם אַלעמען — גילדענע שפּאַנגען, אויערינגלעך
און רייפלעך, בראַנזעלעטן און קייטעלעך און נאָך
אַ שלל מיט קאָסטבאַרע חפצים, וואָס דער מלך
האָט אַזוינס אין זײַנע שאַצקאַמערן גאָר ניט
געהאַט.

*

פאַר גרויס וווּנדער איז דער קיניג אויפ-
געשטאַנען פון זײַן שטול און מודה-געווען,
אַז אַזאַ ווונדערלעך צירונג האָבן זײַנע אויגן
נאָך ניט געזען... איצטער מוז ער שוין וויסן,
ווער דאָס איז דער דאָזיקער גביר-עצום, וואָס
איז בכּוח אויפֿצוגעבן אַזאַ געוואַלטיקן פאַרמעג.
ענטפערט קאָטערל געלאַסן:
— געבענטשטער און געזאַלבטער! מײַן האַר
וויל דיר באַווײַזן זײַן ליבשאַפט און זײַן גע-
טרײַשאַפט!
ווערט דער מלך זייער גליקלעך און באַ-
פעלט:

– מײַן רצון איז צו זען דײַן האר. זאָל ער קומען צו דער הײַנטיקער סעודה, וועט ער מיט מיר קענען רײדן פּה-אל-פּה!

פאַרנײגט זיך קאַטערל מיט א טיפער הכנעה און לויפט אָנזאָגן דעם באַלעבאָס די קיניגלעכע בשורה:

– האר! דער מלך בכבודו ובעצמו האָט דיך פאַרבעטן צו זיך. וועסט נאָך הײַנט האָבן די זכיה אים צו זען פּנים-אל-פּנים!

דערשרעקט זיך דער גחור:

– ווי קען איך אין מײַן קבצנישער הלבשה זיך ווײַזן פאַרן הערשער!

צעלאַכט זיך קאַטערל און לויפט מיט אים צו דער אָזערע וואָס לעבן פּאַלאַץ און זאָגט:

– טונק זיך אונטער און וואַרט דערנאָך א רגע צווישן די קשאַקעס. באַלד וועל איך קומען און דיר ברענגען וואָס מע דאַרף!

שטײט קאַטערל אַן אומעטיקער פאַרן טראָן. חידושט זיך דער מלך:

– פאַר וואָס קומסטו אַלײן אָן דײַן האר?

גיט קאַטערל א זיפץ:

– מײַן האר איז, ניט פאַר אײַך געזאָגט,

געשען אַן אומגליק. גייענדיק אַהער, איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין דער אָזערע. זײַנען די קליידער זײַנע אַדורכגעווייקט געוואָרן און ער קען אַהער ניט קומען.

לאָזט דער קיניג אַרויסזוכן די בעסטע מַלבושים און דער בָּחור קומט אין בִּגדֵי מַלכות.

זעצט מען זיך צום טיש. דער מלך מיט דער מלכּה־אויבנאָן, און דעם בּחור הייסט מען זיצן לעבן דער בּת־מלכּה.

דער בּחור הערט שיִר ניט פֿאַרשיכּורט פֿון איר שיינקייט.

גיט מען אויף מַאכָלֵי־מַעֲדַנִים.

נאָר דער יונג ווייס נעבעך גאָר ניט ווי צו באַניצן זיך מיט דעם זילבערנעם באַשטעק און מיט די טײַערע כּלים פֿון קרישטאָל און פּאָרצעלײַ.

זיצט ער אין געהאַקטע צרות און לאָזט אויס זײַן בייז האַרץ צום ירושה־קאָטערל:

— האָסט מיך פֿאַרפֿירט אין אַ געמייזעכץ און איך וועל שיִר ניט אײַנגעזונקען פֿאַר בּושה!

דערהערט דער מלך, אַז דער גאַסט ברומט.

פֿרעגט ער בײַם קאָטערל:

— וואָס באַגערט דײַן האַר?

ענטפערט קאַטערל:

— קרוין פון דער מדינה, האָב קיין פאַר־איבל ניט, אָבער מײַן האַר איז געוווינט צו עסן מיט גינגאָלדענע מעסער און גאָפל און די שיסלען אין טעלער מוזן זײַן פונעם בעסטן כינעזישן פאַרצעלײַ.

האָבן די דינער גיך אַ ברענג געטאָן די טײַערסטע כלים, טאַקע פונעם עכטן כינעזישן פאַרצעלײַ.

אָבער דער בחור איז ווײַטער געזעסן ווי אַ לעמעשקע, וואָרום ער האָט ניט אָנגעהויבן צו וויסן, וואָס ער זאָל ריידן מיט דער בת־מלכה.

פּלוצלונג פאַלט די בת מלכה אין חלשות. נעמט מען זי מינטערן און מע פרעגט, וואָס איר איז אַזוינס געשען.

שעמט זי זיך ניט און איז מודה:

— איך בין אין דעם יונגן פּריץ אויסטערליש פאַרליבט. ער אָבער האָט די גאַנצע צײַט קיין וואָרט ניט גערעדט. מיסתמא געפין איך ניט קיין חן אין זײַנע אויגן.

ווערט דער בחור פאַרטומלט און ברומט צום קאַטערל:

— האָסט מיר פאַרבראָקט אַ געדיכטע קאַשע! חי אזוי זאָל איך, פּשוטער יונג, געבן צו פאַרשטיין דער בת מלכה, אַז איך וויל מיט איר חתונה האָבן.

גיט דער מלך ווידער אַ קוק אויפן קאָטערל. עפנט קאָטערל זײַן געשליפן פּיסקל:

— מײַן האר איז אין דער בת מלכה סכּנות פאַרליבט און ער לאָזט בעטן, אַז מע זאָל וואָס גיכער לאָזן שרײַבן תּנאָים!

איז אויף אַלעמען געוועזן אַ שטאַרקע פרייד, און גאָר באַזונדער—אויף דער בת מלכה. פאַר גרויס גליק האָט זי געשײַנט ווי די זון אין תמוז.

*

אין הויף איז געוואָרן אַ גאַנצע איבערקערעניש. פון אַלע זײַטן האָט מען גענומען זיך גרייטן צו דער חתונה צום גרעסטן יום-טוב אין דער מדינה.

מע האָט געוואַשן און גערוימט, געמאָלט און געקאַלכט, גענייט און געהעקלט, געבראָטן און געבאַקן.

די חופּה איז געשטעלט געוואָרן גענוי אין דער אָפּגעשמועסטער שעה.

דער חתן איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ בן־מלך. ס'איז כּמעט ווי איבעריק צו דערמאָנען, אַז פאַר די טײַערע אוניפאָרמען האָט געזאָרגט דאָס געטרײַע ירושה־קאַטערל.

בײַם חתונה־מאָל זײַנען געווען אַלע ראַטהערן און מלוכה־לײַט.

סאַרווערס האָבן צוגעטראָגן פון די בעסטע עסנס און טײַערסטע געטראַנקען.

די כּלים וואָס אויף די טישן זײַנען געווען פון זילבער און פון גאָלד און פון גאָר זעלטענעם כינעזישן פאָרצעלײַ.

*

אָבער אין מיטן דער שימחה דערמאָנט זיך דער חתן אָן זײַן אָרעם שטיבל און זאָגט שטילערהייט צום קאַטערל:

— וווּהין זאָל איך דערנאָך פירן די כּלה מיט די מחותּנים? שרעקלעך וועט זײַן דער בזיון און איך וועל זיך מוזן באַגראָבן פאַר שאַנד!

טרייסט אים קאַטערל:

— פאַרלאָז זיך אין גאַנצן אויף מיר! שוין איז אָנגעגרייט אַ פּאַלאַץ, איז ער טויזנט מאָל פּרעכטיקער ווי דער פּאַלאַץ פונעם מלך.

אין א האַלבער שעה אַרום האָט די סעודה זיך געדאַרפט ענדיקן. איז ירושה־קאַטערל אַוועק צום שלאָס פון א רײַכן כישופמאַכער און אַרײַן מיט א געוואַלד:

— איר זײַט אין א מוראדיקער סכּנה! א מלך מעבֿר־לים איז געוואָרן פון אײַערע אומ־ריינע מעשים און פאַרבלענדערישע שטיק. קומט ער איצט מיט זײַן חיל און וועט באַלד אַרומ־רינגלען אײַער פּאַלאַץ און פון אײַך מאַכן אַש.

צעוויינט זיך דעם מכשפֿס ווײַב, טרייסלט זיך פאַר שרעק און בעט בײַם קאַטערל אַן עצה. זאָגט קאַטערל:

— מיר דאַכט, אַז ס'איז ניטאָ קיין בעסער באַ־העלטעניש ווי אין באַקאויוון. קריכט אַרײַן אַהין, כּל־זמן ס'איז נאָך צײַט. פאָרנט וועל איך אויס־שפּרייטן שטרוי און ריטלעך. וועלן די זעלנער מיינען, מע באַקט ברויט.

זײַנען דער מכשף און זײַן באַשערטע גיך פאַרקראָכן אין באַקאויוון. קאַטערל האָט אונ־טערגעצונדן דאָס שטרוי און די ריטלעך און דער כישופמאַכער און די מכשפה זײַנען תּיכּף ומיד פאַרברענט געוואָרן אויף קויל.

*

לויפט דאָס ירושה-קאַטערל צוריק אין
קיניגלעכן פּאַלאַץ, פּאַרנייגט זיך מיט אַ שמיי-
כעלע פאַרן גאַנצן עולם און זאָגט:

— חשובֿע געסט! דאָס יונגע פּאָר-פּאָלק
פאַרבעט אײַך אַלעמען צו זיך אין שלאָס אַרײַן!

גייט קאַטערל אויף צו פרײַער און דער
עולם—נאָך אים.

און שוין זײַנען זיי אין הויף און ווייסן ניט
וואָס קודם צו באַוווּנדערן: צי די ליכטיקע
געבײַען פון ווײַסן מערמלשטיין, צי דעם
פּאַרק מיט די ריזנבײמער און די שמעקעדיקע
בלומען, צי די בלאָע אָזערע מיט כּלערליי
מינים פיש, צי דעם סאָד מיט די זעלטענע פּירות
אָדער די סאַלאָנען מיט די געשניצטע מעבלען,
מיט די געשליפענע שפּיגלען, בילדער און געמעלן.
געזעגנט זיך דער עולם. ווינטשט מזל און
ברכה.

*

דאָס פּאָרל איז ענדלעך געבליבן פאַר זיך
און ערשט גענומען פּראַווען אמתע יום-טובֿ-טעג,
פולע מיט פרייד און תּענוגים.

דרייט זיך קאַטערל אַרום איינזאַם און פאַריתומט און האָט שטאַרק תּרעומות. פאַרוואָס מע געדענקט אים גאָר ניט. צעקרעכצט ער זיך:

— אין אַ ליאַדע טאָג וועל איך שטאַרבן, זאָלט איר ניט פאַרגעסן אָן די טובות, וואָס איך האָב אייך געטאָן. וואַרפט מיך דאַן ניט אויף דער קופּע מיסט, אָדער באַגראָבט מיך ניט ערגעץ אונטער אַ בוים וואָס לעבן פּלויט, נייערט זעט מיר אַ קבֿר אונטער די מערמלטרעפּ פונעם פּאַלאַץ. —

דריי מעת-לעת נאָך דעם איז ירושה-קאָ-טערל געשטאָרבן.

האָט מען אים אין דער גיך באַגראָבן צווישן די וואָרצלען פון אַ בוים. אָבער דער „מת" איז באַלד אויפגעשטאַנען פונעם קבר, ווארום ער איז גאָר ניט געווען טויט. ער האָט זיך נאָר אַזוי געשטעלט כּדי צו זען, צי וועט מען האַלטן זיין צוואה.

קומט ער צום פּאַר-פּאַלק. האָבן זיי זיך פאַר דעם „בר-מינן" אויסטערליש דערשראָקן.

זאָגט ער צו זיי מיט געלאַסענע רייד:

— איך בין ווידער דאָ, ווארום איך בין גזר

ניט געשטאָרבן. איך האָב נאָר געוואָלט זען, צי וועט איר טאָן מײַן ווילן, צי ניט. איצטער געדענקט זשע: אַז איך וועל טאַקע שטאַרבן, זאָלט איר נאָך זעקס חדשים עפענען מײַן קבר; און וואָס איר וועט געפינען אין דער טרונע, געהער אײַך.

האָט דאָס פּאָר-פּאָלק גענומען פּילנעווען דעם געטרײַען ירושה-קאָטערל. מע האָט אים געגעבן, וואָס זײַן האַרץ האָט נאָר געגלוסט, און אים באַהאַנדלט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט.

נאָך אַ צײַט איז ירושה-קאָטערל טאַקע אין אמתן געגאַנגען אַ גאַנג.

האָט מען אים געמאַכט אַ שיינע לוויה, געגעבן אַ בכּבֿודיקע קרקע און אים געשטעלט אַ מצבֿה פֿון מערמלשטיין.

נאָך זעקס חדשים האָט דאָס יונגע פּאָרל געעפֿנט דעם קבר. אָבער שטאָט דעם ירושה-קאָטערל איז דאָרט געלעגן אַ טײַער קעסטעלע פֿון פּימסנהאָלץ, אָנגעפּילט מיט גאָלדן צירונג, מיט קאָסטבאַרע דימענטן, בריליאַנטן און פּערל.

# די מַתָּנָה פונעם ברונעם.

אין א דערפל אויפן אינדזל קאפרי איז געווען אן עלנטע זקנה. האט זי ניט געהאט אויף צו באצאלן קיין דירה-געלט.

איין מאל גייט זי צום ברונעם שעפן וואסער. זי ציט ארויף דעם עמער — ערשט עס ליגט אויפן דעק א גילדן רענדל.

און אזוי איז דאס געשען א צייט מיט טעג. פארוואונדערט זיך די רייכע באלעבאסטע:
— פון וואנעט נעמען זיך דאס פלוצעם צו דער ארעמער שכנטע גילדענע מטבעות?!

לאזט זי דער אלטעטשקער ניט קיין רו, ביז קל זי ווערט פון איר געוואר דעם סוד.

טענהט די באלעבאסטע, אז דער אוצר וואס אין ברונעם געהער איר. און זי טרייבט די זקנה פון הויף ארויס.

גייט די אלטע צום לעצטן מאל שעפן. ליגט אויפן דעק פונעם עמער א גילדערנער עפל און א קול רופט פון דער טיפעניש:

— א טייערע מַתָּנָה טו איך דיר שענקען,
זאלסטו מיך תמיד צום גוטן געדענקען!

ווי די אַלטעטשקע איז אַרויס פונעם הויף,
איז דער אוצר אין ברונעם נעלם געוואָרן.
די נגידיתטע האָט געשעפּט און געצויגן,
אָבער אין עמער איז געווען נאָר וואַסער.
און ס׳האָבן איר ניט געהאָלפן קיין כּעס
און קיין קללות.



# דאָס געלעגער.

א מאָנטענעגרער האָט א מאָל וועגן א בייטיקן עיבֿין געמוזט זײַן אין סטאַמבול.
האָבן די טערקן אים געפירט אין פּאַלאַץ אַרײַן און אים געוויזן דעם סולטאַנס חדרים.
געקומען אין שלאָפצימער, האָבן די טערקן געפרעגט :

— איז פאַראַן אויף דער וועלט א מער ווייך און שמעקעוודיק געלעגער?

— יאָ, בײַ אונדז אויף די גראָזן פון די באַרגלאָנקעס — האָט דער מאָנטענעגרער געענטפערט.



# דער זאַטער און די הונגעריקע.

ניקאָלײַ, דער קיניג פון מאָנטענעגרע, האָט א מאָל געמאַכט א שפּאַציר פון צעטיניע קיין בײַציר.

אונטערוועגנס באַגעגנט ער דעם פויער איוואָ ווראָנאַ, וואָס איז געזעסן אַויף א שטיין און געגעסן ברויט מיט קעז.

פרעגט דער קיניג:

— איוואָ, דו עסט איצטער מיטאָג?

ברומט איוואָ:

— ניין, האר!

— וואָס דען? - פאַרווונדערט זיך דער קיניג — דו האלטסט דען ניט בײַם עסן ברויט מיט קעז?

שווײַגט איוואָ א ווײַלינקע, נעמט דערנאָך קוקן דעם מלך גלײַך אין די אויגן אַרײַן און זאָגט:

— האר! אין מאָנטענעגרע דער מדינה עסט מיטאָג עסט נאָר איינער. א צוויי-לעקן אָפּ די טעלער, און מיר, די איבעריקע — דאָס פאָלק — מיר הונגערן"...



# האָר און וואָנצעס.

ניקאָלײַ, דער הערשער פון מאָנטענעגרע, איז געגאַנגען שפּאַצירן. באַגעגנט ער דעם פויער אַנטאָ טאָדאָראָוו, א באַחוסטן לץ און ווערטל־זאָגער.

פאַרפירט דער שׂררה מיט אים א שמועס און טוט בײַ אים א פרעג:

— הער נאָר, אַלטעטשקער, פאַר וואָס זײַנען דײַנע וואָנצעס נאָך אין גאַנצן שוואַרץ און די האָר אויף דײַן קאָפּ גרײַזגראָע?

לאַכט טאָדאָראָוו און ענטפערט:

— די האָר אויף מײַן קאָפּ זײַנען דאָך צוואַנציק יאָר עלטער פון מײַנע וואָנצעס!...



# וואָס ער טוט.

דער באַוווּסטער העלד און קאָמאַנדיר זשיווקאָ דרוקאַנאָוויטש איז געלעגן מסוכּן קראַנק.

זײַנען אַלע עלטסטע פון גאָר אַרום דער סביבֿה זיך צונויפגעקומען דעם „אַלטעטשקן", ווי זיי האָבן אים גערופן — מבֿקר־חולה זײַן.

איז צווישן זיי געווען איינער מיטן נאָמען פ י ל י פ  ג ר ו י ט ש י ן.

אריבער די שוועל, האָט ער בײַם קראַנקן האַסטיק אַ פרעג געטאָן:

— וואָס טוסטו, קאָמאַנדיר?!

האָט דער חולה אים געענטפערט:

— איך טו דאָס, וואָס איך האָב אין מײַן גאַנצן לעבן נאָך קיין מאָל ניט געטאָן: איך שטאַרב!



# דער פלויט-מלך*) און די סאָווע.

אַ מאָל זײַנען זיך אַלע פייגל, וואָס נאָר אונטערן הימל, צונויפגעקומען אויסקלײַבן אַ מלך, וואָרעם דעמלט, אין יענע צײַטן, האָבן די פייגל נאָך קיין מלך ניט געהאַט.

די אסיפֿה האָט געדויערט אַ שפּאָר ביסל צײַט. דער פליגל־עולם האָט געפירט פֿײַערדיקע וויכּוחים. מע האָט געצוויטשערט און געטרילערט אויף קולי־קולות און בשום־אופן ניט געקענט קומען צו קיין טאָלק.

סוף־כּל־סוף האָט זיך די שוואַלב אָנגערופן אַזוי צו זאָגן:

—מײַן דעה איז, אַז מיר זאָלן זיך אַלע אויף איין מאָל אַרויפלאָזן צום הימל, און ווער פון אונדז ס'וועט דערגרייכן דעם הימל און אַראָפּ־ברענגען אַ שטיקל פון דער בלישטשענדיקער הימלדעק פאַר אַ סימן, אַז ער איז באמת געווען אויבן—דער זאָל זײַן אונדזער מלך!

---

*) אויף נײ־העברעיש—„גדרון" (פון גדר—פלויט). אויף רוסיש—„קראפיווניק". אויף דייטש—„צאונקעניג".

אַלע האָבן מסכּים געווען מיט דער עצה פון דער שוואַלב און אַלע האָבן זיך גענומען גרייטן צו דעם פליגעוועט.

דער פלויט-מלך איז אױך געווען אויף דער אסיפה אין אַלע האָבן פון אים געלאַכט, ווײַל דער-אָ קליינינקער האָט זיך אויך געקליבן צו דער גוואַלטאָוונער נסיעה.

דער פלויט-מלך איז אָבער קיין נאַר ניט געווען און בײַ זיך געטראַכט:

— זאָלן זיי לאַכן געזונטערהייט. איך וועל זיי אַלעמען איבערקליגן.

*

אונטער אַ קשאַק האָט פלויט-מלך געפונען אַ שטיקל גלאָז פון אַ שפיגעלע. האָט ער דאָס בשתיקה אַרײַנגעקוועטשט צווישן זײַנע פליגע-לעך און כּשעת אַלע פייגל האָבן אַרויפגעקוקט צום הימל און איינער אַ קאָמענדאַנט האָט אַ געשריי געטאָן: „שוין!“ — האָט זיך פלויט-מלך גרינג ווי אַ פעדער אַרויפגעכאַפּט אויפן רוקן פונעם אָדלער און זיך פון אים געלאָזט אַרויפטראָגן אין די סאַמע הויכע הייכן.

דער אָדלער איז געפֿלויגן און געשוועבט און וואָס אַ מאָל זיך העכער געטראָגן מיט גלי און גבורה צו די הויכע וועלטן.

אַלע פֿייגל זײַנען געוואָרן מיד און ניט געקאָנט זיך שוין העכער הייבן... מיט היתפּעלות האָבן זיי אַרויפֿגעקוקט צום אָדלער און האָבן אים קוים געזען—אַזוי הויך איז ער שוין געווען.

מתחילת האָט דער אָדלער געטראַכט, אַז ער וועט בלתי־שום־ספק דעם הימל דערגרייכן און אַ באַהאַרצטער זיך געטראָגן אַלץ העכער און העכער.

דער הימל האָט זיך אָבער אַלץ ניט דער־נענטערט, געבליבן פּונקט אַזוי מוראָדיק הויך און ווײַט ווי אין סאַמע אָנהייב פֿונעם פֿליגעוועט.

דער אָדלער איז אויך אָפּגעשטאַנען און געוואָרן אַלץ מידער און שוואַכער און לסוף געזאָגט:

— ניין! מיר האָבן זיך אונטערגענומען אַ זאַך, וואָס איז ניט מיגלעך אויסצופֿירן. דעם הימל וועלן מיר קיין מאָל ניט דערגרייכן. אָבער איך, אָדלער, בין פֿאָרט העכער געפֿלויגן פֿון אַלע פֿייגל און איך וועל זײַן זייער מלך!

— טי-טי-טי! רייד דיר, זײַ מוחל, ניט אײַן קיין נאַרישקייטן! — איך בין שוין עטלעכע שפּאַן העכער פון דיר! — האָט דער פלויט-מלך געזאָגט צום אָדלער.

— וואָס?! — האָט דער אָדלער אַן איבער-ראַשטער געפרעגט און זיך אומגעקוקט אויף אַלע זײַטן — ווּ ביסטו אַזוינס?

— העכער פון דיר! — האָט דער פלויט-מלך אַ האָפערדיקער איבערגעחזרט.

— דאָס וואָלט געווען אַ חרפּה און אַ בושה — האָט דער אָדלער זיך צעבייזערט און נאָך אַ מאָל צונויפגענומען זײַנע לעצטע כּוחות און געפלויגן אַ שטיק העכער און אויסגערופן:

— אָבער איצט איז שוין קיין שום פויגל איבער מיר!

— טי-טי-טי! — האָט פלויט-מלך ווידער גע-צוויטשערט — איך בין נאָך העכער!

דער אָדלער האָט געצאָרנט און געפרעגט:

— ווּ ביסטו אַזוינס, דו מזל איינע?

— העכער פון דיר! העכער פון דיר! — האָט פלויט-מלך חוצפּהדיק געענטפערט.

— איך זע דיך אָבער אין ערגעץ ניט! — האָט דער אָדלער פון כּעס געשריִען.

— ווײַל איך בין אַזאַ קלײנינקער — האָט פּלויט-מלך געצוויטשערט — אָבער הערן הערסטו מיך דאָך! — טי-טי-טי! טי-טי-טי!

האָט זיך דער אָדלער ווידער אָנגעטאָן אַ כּוח און געפּרוּווט אַ קאָפּ העכער צו שוועבן. אָבער דער קלײנער מחוצף, דער פּלויט-מלך, איז שוין ווידער געווען אַ שטיק איבער אים און אַ פרײלעכער געזונגען זײַן „טי-טי-טי" ווי קיין מאָל גאָרניט. ווי ער וואָלט בכלל ניט געוווּסט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס מיד ווערן!..

— דו ווערסט דאָס גאָר ניט אָפּגעשוואַכט? — האָט דער אָדלער מיט קינאה געפרעגט.

— איך טראַכט אַפילו גאָר ניט וועגן מידי-קייט! — איז געווען פּלויט-מלכס תשובה.

— און איך האָב שוין ניט קיין כּוח — האָט דער אָדלער געזאָגט און גענומען זינקען אַלץ טיפער, הגם ער האָט געוואָלט נאָך אַ מאָל זיך אויפהייבן און שוועבן אין דער הייך.

— און איך, ווי כ'וואָלט ערשט איצטער אָנגעהויבן צו פליִען! — האָט דער פּלויט-מלך

נ׳צָחונדיק געצוויטשערט און באַוויזן, דאָס מאָל
מיט זײַנע אײגענע כּוחות, אַרויפצופליִען אַ שפּאָר
ביסל העכער.

דער אָדלער האָט אויפגעגעבן דעם גע-
ראַנגל און אַ צעמאַטערטער און אָפּגעשוואַכטער
אַראָפּגענידערט מיט רַעש אין דער טיפעניש...

דער פלויט-מלך איז אַ סך שפּעטער אַראָפּ-
געקומען אויף דער ערד ווי דער אָדלער. ער האָט
אַפּירגענומען זײַן ברעקל שפּיגעלע און געשריִען:

— טי-טיטי-! אַ בלישטשענדיק שטיקעלע
פונעם הימל האָב איך אײַך געבראַכט און דער
מלך בין איך!

אַלע פייגל זײַנען שיר ניט צעשפּרונגען
געוואָרן פאַר כּעס און קינאה, וואָס אַזאַ קליי-
נינקער זאָל זײַן זייער מלך, און אַלע האָבן זיך
גענומען יאָגן נאָכן פלויט-מלך און אים געוואָלט
דורסן...

ער איז אָבער געפלויגן גיך און געשווינד
און אַרײַנגעפלויגן אין אַ מײַזנלאָך.

צו זײַן מַזל האָט קײנער פון די פייגל דאָרט
ניט געקאָנט אַרײַן.

ווי פלויט-מלך האָט געזען, אַז ער געפינט זיך

אין אַ זיכערער באַהעלטעניש, האָט ער חוזק געמאַכט פון אַלע פייגל און געצוויטשערט מיט עזות:

— טיטיטי! דער מלך בין איך!

*

האָבן די פייגל אויפגעשטעלט פאַרן מײַזנגריבל די סאָווע, אַז זי זאָל זײַן די היטערקע, און זיי האָבן צו איר אַזוי געזאָגט:

—דו מיט דײַנע גרויסע אויגן מוזסט אַכטונג געבן, אַז פליט-מלך זאָל שוין פון דאַנעט קיין מאָל ניט אַרויס! ס׳וואָלט פאַר אַלע פייגל געווען אַ גרויסער בזיון, אַז אַזאַ קליין פאַרזעענישל זאָל אַרומפליען און זיך באַרימען, אַז ער איז אונדזער מלך.

די סאָווע האָט אַרויסגעגלאָצט אירע גרויסע אויגן און כסדר געקוקט אויפן מײַזנלאָך. אָבער אַזוי ווי די סאָווע איז זייער אַ פוילע, איז זי אין גיכן מיד געוואָרן. צו ערשט האָט זי צוגעמאַכט דאָס רעכטע אויג, דערנאָך דאָס לינקע און צום סוף אַלע ביידע און אײַנגשלאָפן מחיהדיק און געשמאַק, ביז דער טאָג האָט געטאָגט...

פליט-מלך איז זיך בנעימות אַרויס פון מײַזנלאָך, גיך אוועקגעפליגן און זיך באַהאַלטן צווישן קשאַקעס און פליטן.

ווי די פייגל זײַנען געקומען א קוק טאָן, צי דער קליינער עזות-פּנים זיצט נאָך אין זײַן נאָרעלע און צי ער ווערט באוואכט ווי סע דארף צו זײַן, האָבן זיי געטראָפן די סאָווע שלאָפנדיק און זי ערשט געמוזט וועקן און מינטערן פון איר טיפן דרימל...

די פייגל האָבן באלד פארשטאנען, אז די קלאָג איז פארטיק אין אז פלויט-מלך איז שוין מי-יודע ווּ...

האָבן זיך די פייגל גענומען צו דער סאָווע, זי געשלאָגן מיט זייערע שארפע שנאָבלען, זי געזידלט און געשנידלט.

פאר גרויס בזיון איז די סאָווע אנטלאָפן. פון דעמלט אָן פליט זי נאָר בײַ נאכט. אזוי שטארק שעמט זי זיך. און ווײַזט זי זיך יאָ א מאָל בײַ טאָג, ווארפן זיך אויף איר אלע פייגל מיט געבייזער און געזידל.

דער קליינער פלויט-מלך אָבער שפרינגט ארום צווישן קוסטעס און פלויטן דאָרט, ווּ אנדערע פייגל קענען שווער צוקומען. ער האָט פון זײַן לעבן שטארק הנאָה און מאכט חוכא-וטלולא פון די גרויסע פייגל און רופט זיי נאָך:

– טיטיטי! דער מלך בין איך!

בכלל אָבער האָט פלויט־מלך בײַ די פײגל א קנאַפּע דעה.

נאָר פאַר גדלות און אײַנרײדעניש איז בײַ אים דאָס עקעלע זײַנס ווי א שפּיץ פון א פײַל ארויפווײַזנדיק צום הימל...



## פלויט־מלך מאַכט א תל פון אַ לייב.

א פלויט־מלך האָט געהאַט זײַן נעסט צווישן קוסטעס.

די יונגעטשקע זײַנען זיך דאָרט געזעסן און געשטיפט און דאָס פאָר פאָלק איז ארומגע־פליגן זוכן חיונה, ווערעם צו שפּײַזן א פולע נעסט מיט הונגעריקע פײגעלעך איז, מוזט איר וויסן זײַן, ניט אזוי גרינג, ווי אײַך קען זיך דוכטן.

קומט א מאָל דער אַלטער אהיים. טרעפט ער די פיצעלעך שטאַרק איבערגעשראָקענע.

פרעגט ער זיך נאָך:

– וואָס איז געשען? וואָס זײַנט איר אומעטיק?

ענטפערן די פײגעלעך מיט ציטעריקע קולות:

— טאַטעשי, דאָ איז אָקאָרשט געווען אַזאַ משונהדיקע בריאה, מיט אַ ווילדער מאָרדע און שטעכיקע יואָנצעס, אויסגעזען שרעקלעך אָנגע־כמורעט און בייז... און ווי ער האָט גענומען באַשמעקן אונדזער נעסטעלע, האָבן מיר זיך סַכָּנות דערשראָקן.

— אזוי גאָר? — האָט דער אַלטער געגוואַל־דעוועט — ווו איז ער, דער מחוצף?

— ניט וויסט, טאַטעשי — האָבן די קליינע געכליפּעט — ער איז ערשט אוועק!

— באַרויִקט אײַך, קינדערלעך — האָט ער זיי געטרייסט — באַלד וועל איך אים ווייזן, וואָס דאָס איז טײַטש זיך אַרומצושלײַען לעבן פלויט־מלכס דירה.

און זיך געלאָזט זוכן דעם פֶּרֶא־אָדם.

אַ ווײַלע געפלויגן, דערזעט ער, אַז דאָס איז גאָר געווען דער לייב.

רב לייב גייט זיך אַזוי מיט זײַנע געזונטע פאַמעלעכע טריט, ווי קיין מאָל גאָרניט.

דערשרעקט זיך פלויט־מלך דער שוואַ־כינקער ווינציק וואָס און פליט אַרויף אויף דער נאָז פונעם לייב און נעמט אים זידלען:

— וואָס האָסטו, אומגעלומפּערטער שלעפּער, צו זוכן בײַ מײַן נעסט און ווי פּאַלט דאָס דיר אײַן צו איבערשרעקן מײַנע קלײנטשינקע?

דער לײב האָט געשוויגן און ווײַטער גע־גאַנגען זײַן וועג.

שוויצט דער פלויט־מלך און שפּריצט מיט רציחה:

— זײַ וויסן, לײבאַק, אַז צווישן מײַנע קשאַקעס האָסטו גאָרניט פאַרלוירן. איך פאַר־ווער דיך, זיך דאָרט צו דרײען! און טאָמער וועסטו זיך פאָרט באַווײַזן, וועל איך פון דיר מאַכן א תּל!.. ווען איך זאָל וועלן — האָט פלויט־מלך אויפגעהויבן א פיסל — וואָלט איך דיר דעם שאַרבן דײַנעם צעשפּאָלטן אויף שטיקער, נאָר איך האָב אויף דיר רחמנות! אָבער פון הײַנט אָן און ווײַטער זײַ געוואָרנט!

אַראָפּ פונעם לײבס נאָז, איז פלויט־מלך צוריק אַרײַן אין זײַן נעסטעלע און צו זײַנע יונגיטשקע אַזוי געזאָגט:

— איצטער, קינדערלעך, דאַרפט איר זיך שוין ניט שרעקן. איך האָב אים געמאַכט א וויטטן סוף. ער וועט שוין קײן מאָל צו אײַך ניט קומען.



# דער לייב און די מערעשקעס.

דער לייב האָט אַ מאָל געפּײַערט אַ גרויסן יום־טוב. אַלע חיות און שרצים זײַנען געקומען אָפּגעבן כּבֿוד זייער האַר.

אויך דאָס מאָנטשינקע מערעשקעלע איז געקומען זיך צו בוקן און צו נייגן פֿאַר דעם געוואַלטיקן הערשער. אָבער די שטאָלצע און חשובֿע חיות האָבן דאָס ווינציקע באַשעפֿענישל ניט צוגעלאָזט, נײַערט מיט שפּאָט און געלעכטער אַוועקגעטריבן.

האָט דאָס דעם מלך פֿון די מערעשקעס גאָר שטאַרק פֿאַרדראָסן און ער האָט אין זײַן גרימצאָרן געשוווירן זיך נוקם צו זײַן.

שיקט ער אַ ווערעמל מיט דעם באַפֿעל זיך אַרײַנצוגנבֿענען אין רעכטן אויער פֿונעם לייב און אים דאָרט צו פּײַניקן.

דער לייב איז פֿאַר יסורים שיִר ניט אַראָפּ פֿון זינען און גערעוועט פֿאַר ווייטיק און צער, אַזש די ביימער האָבן געציטערט.

אַלע חיות פֿון נאָענט און ווײַט זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן גרייטע צו ראַטעווען דעם מלך,

מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ און פֿאַרשניטענע הערצער זײַנען זיי געשטאַנען פֿאַרן קראַנקן און ס'איז געווען אָן די פּנימער צו דערקענען, אַז יעטוועדער פֿון זיי וואָלט דעם גאַנצן לעבן געלייגט, דער לייב זאָל ווידער געזונט ווערן. אָבער קיינער האָט ניט געוווּסט, מיט וואָס אים צו העלפֿן. איז טאַקע שוין ניט געבליבן קיין אַנדער בּרֵירה ווי צו לאָזן רופֿן דעם מלך פֿון די מערעשקעס: אֶפֿשר וועט ער געפֿינען אַ רפֿואָה.

שיקט מען צו אים עטלעכע מאָל שליחים, אָבער ער איז נאָך אַלץ אין כּעס און וויל ניט הערן און געדענקען.

לבסוף לאָזט ער זיך איבערבעטן.

ער רוימט אײַן אַ סוד איינעם פֿון זײַנע אונטערטעניקע.

דאָס מערעשקעלע לויפֿט צום קראַנקן לייב, קריכט אַרײַן אין דעם אָנגעווייטיקטן אויער און ברענגט פֿון דאָרט אַרויסצושלעפּן דאָס ווערעמל.

פֿאַר גרויס דאַנקבאַרקייט האָט דאָס דער לייב יעמלט=אָ אַרויסגעגעבן אַ מאַניפֿעסט, אַז די מערעשקעס האָבן אַ רעכט צו וווינען אומעטום.

אויף דער ערד; און ניט ווי די אַנדערע חיות, וועלכע טאָרן ניט אַרויס פון זייער תחום, נײַערט מוזן זיך האַלטן אויף זייערע אָפּגעגרענעצטע ערטער, וואָס אין די דזשונגלעס, טײַגעס און טונדרעס.



# פליגן און שפּינען.

אין אָנהייב פון די פּאַרצײַטיקע דורות האָט אויף דער גאָרער וועלט געוועלטיקט איין איינציקער מלך. זײַן הערשאַפט איז געווען אויסגעשפּרייט איבער אַלע מענטשן און אַלע חיות, איבער אַלע שדים, שרעטעלעך און שרצים.

איז אָבער יעמאָלט אויף דער ערד קיין פײַער ניט געווען. קוים האָט די זון זיך געזעצט, איז געוואָרן אַ פינצטערניש און אַ קעלט.

די מענטשן האָבן דעריבער אויסטערליש געליטן.

ס'איז געווען באַוווּסט, אַז אין די טיפענישן פון גיהינום איז פאַראַן פײַער גענוג אויף געבוג. קיינער האָט אָבער ניט געוואַגט אַראָפּ-

צונידערן אין מַלכות פון דעם אײביקן פײַער.

דער מלך האָט געלאָזט אויסרופן איבער לענדער און מדינות, איבער וועלדער און סטעפּעס, אַז דער דאָזיקער, וואָס וועט זיך אײַנשטעלן אַרויפ־צובּרענגען פײַער פונעם כּף־הקלע, וועט באַקומען אַ גרויסן שׂכר: סײַ ער, סײַ זײַנע קינדער, אײניקלעך און אוראײניקלעך און אַזוי עד־סוף־כּל־הדורות וועלן מעגן עסן פון אַלע טישן און ס'וועט זיי קײנער ניט טאָרן שטערן און פאַרווערן.

זײַנען פון אַלע זײַטן און ווינקלען געקומען כּלערליי מינים באַשעפענישן און זיך אַ לאָז געטאָן ברענגען פײַער.

אָבער זיי זײַנען אַלע פאַרבּרענט געוואָרן.

גאָר צו לעצט האָט זיך די שפּין אַראָפּגעגליטשט אויף איר אײגענעם פאָדעם ביז אין די סאַמע טיפענישן פונעם גיהנום און ס'האָט איר געגליקט אַרויפצובּרענגען אויף דער וועלט אַ שטיק פײַער־פלאַקער.

אָבער קוים איז די שפּין געווען אויף דער ערד, איז זי פאַר גרויס מידקייט אַנידערגעפאַלן און אַנטשלאָפן געוואָרן.

די פליג האָט גיך דערשמעקט דעם נײַעם;

גערוך. איז זי געקומען צו פליִען, בײַ דער שלאָפֿנ־
דיקער שפּין צוגעגנבֿעט דאָס פֿײַער און מיט
דער טײַערער מַתָּנָה גיך געפֿלויגן צום מלך און
דאָרט אויפֿן אָרט באַקומען דעם צוגעזאָגטן לוין.
ווי די שפּין האָט אויפֿגעוואַכט פֿון איר
דרעמל, האָט זי גענומען אומעטום זוכן דאָס
פֿײַער. אָבער קיינער האָט איר ניט געגלייבט,
אַז זי איז דאָס געווען אין גיִהנום. קיינע טַענות
האָבן איר ניט געהאָלפֿן. אפֿילו דער מלך גופֿא
האָט איר אויך ניט געגלייבט, וואָרום זי האָט
קיין רַאיות און קיין עֵצות ניט געהאַט.
האָבן די שפּינען זיך צונויפֿגעקליבן און
באַשלאָסן פֿאַר דער אויסטערלישער עַוולה זיך
נוקם־ונוטר־צו־זײַן אָן אַלע פֿליגן; תּיכּף־ומיַד
גענומען פֿלעכטן נעצן אויף צו כאַפּן די פֿליגן.
און יעדע פֿליג, וואָס האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט
אין די דינע פֿעדים, איז דאָרט שוין געבליבן
הענגען אַ טויטע, מיט אַן אָפּגעביסענעם קאָפּ.
די אָ נקמה ווערט פֿון די שפּינען אויסגע־
פֿירט ביז אויפֿן הײַנטיקן טאָג מיט דער גאַנצער
האַרבקייט.
די פֿליגן אָבער האָבן אַ רעכט צו עסן און
צו נאַשן פֿון אַלע טישן.



# דער זייגערמאַכער.

גאָר אַ מאָל איז געווען אַן אָרעם ייִנגל. האָט ער שטאַרק געוואָלט ווערן אַ בעל־מלאָכה. איז ער אַרויס איבער דער מדינה זוכן אַ מײַסטער.

באַגעגנט דעם קליינעם וואַנדערער אַ גלח.

פרעגט ער:

— וווּהין?

ענטפערט דאָס ייִנגל:

— איך זוך אַ מײַסטער!

זאָגט דער גלח:

— בלײַב בײַ מיר! איך האָב שוין אַפילו אין מײַן הויף איין אַרבעטער אין דײַן עלטער. דו וועסט מיר מיטהעלפן אין דער באַלעבאַטיש־קייט. פאַראַן זעקס אָקסן און אַן אַקעראײַזן. וועסטו אַקערן און בראָנעווען. צו וואָס זאָלסטו זיך אַרומשלעפן? פאַרדינג זיך צו מיר, ס'וועט דיר גאָר ניט פעלן.

איז דאָס ייִנגל דערויף באַשטאַנען. גענומען דעם פלוג, די אָקסן מיט די יאַרמעס, אַרויס אין פעלד און געאַרבעט צוויי טעג.

פלוצלונג זײַנען געקומען דאָס מַזל און דער שֵׂכל און זיך זאַלבעצווייט געשטעלט אקעגן דעם קליינעם האָרעפּאַשניק.

זאָגט דער שֵׂכל צום מַזל:

— גײ אַרײַן אין דעם ייִנגל!

אָבער דאָס מזל איז ניט מרוצה געוואָו; לבסוף איז דער שֵׂכל אַרײַן אין דעם ייִנגל.

האָט דאָס ייִנגל געלאָזט שטיין אין גר סקיבע די אָקסן מיט דעם אַקעראײַזן, זיך אוועק־געזעצט אויף דער ערד, אָנגעטאָן זײַנע אָפּאַנקעס און אַנטלאָפן.

לויפט אים נאָך דאָס אַנדערע ייִנגל מיט געוויין:

— פאַר וואָס לאָזסטו מיך אַליין? חבר, פאַר וואָס לאָזסטו מיך אַליין?

אָבער יענער איז שוין אַריבער די מעזשע און שרײַט צוריק:

—איך בין דיר מוחל די אָקסן מיט דעם פלוג!

•

האָט ער אַזוי געוואַנדערט עטלעכע מעת־לעת און איז אָנגעקומען אין אַ גרויסער שטאָט אַרײַן. אַ כּרך, כּמעט אַזוי ווי בוקאַרעשט.

גייט ער פון גאַס צו גאַס און שטעלט זיך אָפּ פאַר אַ זייגערקלייטל. זעט ער, ווי געזעלן און לערנייִנגלעך אַרבעטן.

צעלאַכט זיך איין יאַטל:

— אַ יאָלד, שטייט און קוקט ווי אַ האָן אין בני־אָדם!

זאָגט דער יונגער וואַנדערער:

— אײַער אַרבעט געפעלט מיר זייער און זייער!

דערהערט דאָס דער זייגערמאַכער. גייט ער אַרויס צום בָּחורל און נעמט מיט אים טַעֲנהן:

— פאַרדינג זיך צו מיר אויף דרײַ יאָר, וועסט בײַ מיר אַ סך לערנען און מיט דער צײַט ווערן אַ גוטער בַּעל־מלאָכה. אַזאַ באַוווּסטער מײַסטער ווי איך בין. דעם ערשטן זמַן וועסטו אפילו מוזן אַ קאַפּעטשקע צוהעלפן דער באַלע־באָסטע. דהײַנו: האַקן האָלץ, הייצן די הרובעס, אַרויסטראָגן די פּאָמוניצעס... אָבער דערנאָך וועסטו ווי אַ פָּריץ זיך אַוועקזעצן אויפן טיש לעבן די געזעלן און צוקוקן ווי מע אַרבעט.

דאָס ייִנגל איז באַשטאַנען און געבליבן.

מיט דער צײַט איז ער געוואָרן געוואָרן, אַז

זינט אַן ערך פון פופצן יאָר געפינט זיך בײַם מײַסטער דעם קײסערס אַ זײגער און מע קען אים באַין אופן ניט פאַרריכטן.

ס׳זײַנען שוין געקומען די גרעסטע מבינים, סײַ פון וין, סײַ פון פאַריז, קינסטלער שבקינסטלער, אָבער זײ האָבן גאָרניט אויפגעטאָן.

דער קײסער האָט שוין צוגעזאָגט אַ העלפט פון זײַן מלכות דעם דאָזיקן, וואָס וועט דעם זײגער פאַרריכטן, און פאַרט האָט זיך ביז הײַנט קײנער ניט געפונען. וואָרעם דער זײגער איז ניט קײן ליאַדע פשוטער. ער האָט אין זיך אַ כלי מיט פיר און צוואַנציק לידער און איטלעכע שעה פון מעת-לעת פלעגט ער פריִער אויסשפּילן אַן אַנדער ליד און בײַ יעדן ליד איז דער קײסער יִינגער געוואָרן.

*

אַזוי איז דער ווינטער פאַמעלעך אַריבער. ס׳איז געקומען פסח. דער זײגערמאַכער מיט זײַנע בני-בית זײַנען אַוועק אין קלויסטער און אין דער הײם איז פאַרבליבן דעם מײַסטערס אַלטע מוטער מיט דעם לערנייִנגל.

דער יינגל האָט ווי אין דער וואָכן געמוזט
האַקן האָלץ, הייצן די הרובעס און כּדומה.
דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט בײַם וואַר-
שטאַט, דאָרט ווו די געזעלן פלעגן אַלע מאָל
אַרבעטן.

דער יאַט האָט קיין זייגער אפילו ניט אָנ-
געריירט, נאָר זיך דווקא גענומען צום גרויסן
זייגער מיט דער שפּיל-כּלי, אים פאַמעלינקעס
אַנידערגעלייגט אויפן טיש, אויפגעדרייט סך-
הכּל אַ צוויי-דרײַ שרײַפעלעך, זיי אַ ביסל אָפּגע-
פּײַלט און זיי צוריק אַרײַנגעשרויפט.

דער זייגער האָט גענומען גיין און אויך
געזונגען מיט אַ גילדענעם קלאַנג די פיר און
צוואַנציק לידער.

דאָס יינגל האָט מורא באַקומען און זיך
באַהאַלטן.

*

ווי דער עולם האָט דערהערט זינגען די
וווּנדערלעכע לידער, זײַנען זיי אַלע אַרויס פון
דער קירך און זיך צונויפגעלאָפן פאַרן זייגער-
מאַכערס שטוב. דער זייגערמאַכער איז גיך
אַהיים געקומען און געפרעגט:

— מאַמע ווער האָט באַוויזן דעם נס און פאַרריכט דעם זייגער?!

— ס'איז דאָ קיינער ניט געווען — האָט די אַלטעטשקע געענטפערט — נאָר דאָס פרעמדע ייִנגל האָט עפּעס געמײַסטערט!

דער זייגערמאַכער איז געלאָפן זוכן דאָס ייִנגל און האָט אים געפונען אין שטאַל פאַרבאַהאַלטן אין אַ קאָרעטע.

דער מײַסטער האָט דאָס דערשראָקענע ייִנגל גענומען אויף די הענט און געזאָגט:

— דו ביסט אַ בעסערער בעל־מלאָכה פון מיר! און איך האָב דיך אַזוי באַעוולט, דיר געלאָזט האַקן האָלץ אין דער סאַמע גרעסטער חגאַ!

*

זײַנען געקומען דרײַ שנײַדערס און פאַרן זייגערמאַכער אויפגענייט דרײַ שפּאָגל נײַע מלבושים.

פאַר טאָג איז שוין געשטאַנען גרייט אַ בויד מיט פיר פּאָר פערד.

דער זייגערמאַכער האָט גענומען דעם טײַערן זייגער אין האַנט און געפאָרן צום קייסער.

ווי דער קייסער האָט דאָס דערהערט, איז ער אַראָפּ פון זײַן טראָן, גענומען דעם זייגער און איז ווידער געוואָר, יונג.

נאָך דעם האָט דער מלך געזאָגט צום זייגער־מאַכער:

— איצט ברענג מיר דעם דאָזיקן, וואָס האָט דעם זייגער פאַרריכט.

דער זייגערמאַכער האָט געטענהט, אַז דאָס איז זײַן אַרבעט.

דער קייסער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז דער זייגערמאַכער לײַגט און באַפוילן:

— שוין ברענג־מיר דעם, וואָס האָט געמאַכט, אַז דער זייגער זאָל ווידער גיין און זינגען!

דער מײַסטער איז אַוועק און געבראַכט דאָס יינגל.

דער קייסער האָט זיך מיט אים געפרייט און געזאָגט צו אים:

— גיי אין שאַצקאַמער און נעם דאָרט דרײַ קיישלעך מיט דוקאַטן און גיב דאָס דײַן באַלע־באָס!

און צום זייגערמאַכער האָט דער מלך געזאָגט:

— דאָס לערניִנגל וועל איך דיר שוין ניט צוריקגעבן. ער וועט פון הײַנט אָן בלײַבן בײַ מיר און זען, אַז דער זייגער זאָל מער ניט קאַליע ווערן. און דערפאַר וועט ער יעדעס יאָר פון מיר באַקומען שכירות: צען טויזנט רענדלעך!

דער יונגער מײַסטער איז פאַרבליבן אין פּאַלאַץ און דאָרט געדינט דרײַצן יאָר.

דערנאָך איז ער געוואָרן דעם קייסערס איידעם.



# אינהאַלט:

אין פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך״, ווילנע, זײַנען
דערשינען פאָלגנדיקע זאַמלונגען מעשהלעך —
**פון אַליעזר שינדלער:**

---

1) פרעמדע מעשהלעך פאַר ייִדישע קינדער
2) וואָס פעלקער דערציילן
3) וואָס די וועלט דערציילט
4) וואָס אין וואַלד איז געשען
5) ייִדישע לעגענדעס
6) אין שטילע פאַרנאַכטן
7) אויף זוניקע פליגלען
8) דער מזרח שמייכלט
9) צווישן טאָג און נאַכט
10) איבער לענדער און ימען
11) צווישן חדקל און גאַנגעס
12) פון ארבע פינות עולם

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:
S. Bastomski. Wilno, Stefańska 24